# ע. ראַספּע





# מינכהאַוזענס פּאַסירונגען

„קינדער-פֿריינד“, וואַרשע

ע. ראספע

# מינכהאוזענס פאסירונגען



יובילי-אויסגאבע

1935 15 מערץ 1936

„קינדער-פריינד", ווארשע 1936

צייכענונגען פון גוסטאוו דאָרע.

איבערדערציילט פאַר קינדער – ק. טשוקאָווסקי.

יידיש – אָ. סטרעליק.

אין דעם ביכל קומט אונדזער ערשטע זאַמלונג פון מינכהאַוזענס פּאַסירונגען.

פאַרלאַג „קינדער-פריינד“.

E. R O S P E

Minchauzens Pasyrungen

„Kinder-Frajnd“ (Wydanie „B“)

WARSZAWA 1936

זעצעריי ה. גלאַנץ, מלאַווסקע 4

Druk. „Renoma„, Warszawa

# אַ פערד אויפן דאַך

איך בין אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד, רײַטנדיק אויף אַ פערד. געווען איז ווינטער. עס איז געגאַנגען אַ שניי. דאָס פערד איז געוואָרן פאַרמאַטערט און האָט זיך גענומען שטרויכלען. מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט שלאָפן. איך בין שיִער נישט געפאַלן פונעם זאָטל פון פאַרמאַטערטקייט. אָבער אומזיסט האָב איך געזוכט אַ נאַכטלעגער: אויפן וועג האָב איך נישט באַגעגנט קיין איין דערפל.

וואָס האָב איך געקאָנט טון? איז אויסגעקומען צו נעכטיקן אין פעלד. אַרום איז נישט געווען נישט קיין קוסט, נישט קיין בוים. נאָר אַ קליין סלופּיקל האָט אַרויסגעשטאַרטשעט פון אונטערן שניי.

צו דעם סלופּיקל האָב איך ווי עס איז צוגעבונדן מײַן געפרוירן פערד און אַליין האָב איך זיך געלייגט טאַקע דאָ אויפן שניי און איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

געשלאָפן בין איך לאַנג, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך דערזען, אַז איך ליג נישט אין פעלד, נאָר אין אַ דאָרף, אָדער ריכטיקער אין אַ

קליין שטעטל. פון אַלע זײַטן האָבן מיך אַרומגערינגלט הײַזער.

— וואָס פאַר אַ מײַדע? ווּהין בין איך עס אַרײַנגעפאַלן? ווי אַזוי האָבן עס דאָ געקאָנט אויסוואַקסן די אַלע הײַזער איבער נאַכט?

און ווּ איז אַהינגעקומען מײַן פערד?

לאַנג נאָך האָב איך נישט פאַרשטאַנען, וואָס איז געשען. פּלוצלונג הער איך אַ באַקאַנט הירזשען. דאָס הירזשעט מײַן פערד.

אָבער ווּ איז עס?

דאָס הירזשען דערטראָגט זיך עפּעס פון אויבן. איך הייב אויף דעם קאָפּ, און וואָס זשע? מײַן פערד הענגט אויפן דאַך פון אַ גלאָקן־טורעם! עס איז צוגעבונדן צו אַ צײלעם.

אין איין מינוט האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז געשען. נעכטן אין אָוונט איז דאָס גאַנצע שטעטל מיט אַלע מענטשן און הײַזער פאַרשאָטן געוואָרן מיט אַ טיפן שניי, און עס האָט אַרויסגעשטאַרטשעט בלויז דער שפּיץ פונעם צײלעם.

איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ צײלעם. מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אַ קליין סלופּיקל. און איך האָב צו אים צוגעבונדן מײַן פערד! און בײַנאַכט, ווען איך בין געשלאָפן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אָדליגע, דער שניי איז צעגאַנגען, און איך האָב אומבאַמערקט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד.

אָבער מײַן אָרעם פערד איז אַזוי געבליבן דאָרט אויבן אויפן דאַך צוגעבונדן צום צייל‏עם פונעם גלאָקן־טורעם, האָט עס זיך נישט געקאָנט אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.

וואָס דאַרף מען טון?



נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך געכאַפּט אַ פּיס־טאָלעט, זיך פּינקטלעך אָנגעצילט און געטראָפן פּונקט אין צײַמל, ווײַל איך בין אַלעמאָל געווען אַן אויסגע־צייכנטער שיסער. דאָס צײַמל האָט זיך צעריסן אויף דער העלפט.

דאָס פערד האָט זיך שנעל אָראָפּגעלאָזן צו מיר.

— איך בין אויף אים אַרויפגעשפּרונגען און ווי א ווינט האָב איך זיך א יאָג געטון פאָרויס.

## א חאלף איינגעשפאנט אין א שליטן

אינגיכן האָב איך דערזען, אַז ווינטער רייטן אויף אַ פערד איז נישט באַקוועם. פיל בעסער איז צו פאָרן אין אַ שליטן. האָב איך זיך געקויפט זייער אַ גוטן שליטן און שנעל זיך אַוועקגעטראָגן איבערן ווייכן שניי.

צו אָוונט־צו בין איך אַריינגעפאָרן אין א וואַלד. איך האָב שוין גענומען דרעמלען, האָב איך פּלוצלונג דערהערט, אַז דאָס פערד הירזשעט אומרויק. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און ביי דער לעוואָנעס שיין האָב איך דערזען אַ שרעקלעכן וואָלף, וואָס איז מיט אַ צעעפנט ציינערדיק מויל נאָכגעלאָפן נאָך מיין שליטן.

קיין האָפענונג צו ראַטעווען זיך איז נישט געווען.

איך האָב זיך געלייגט אויפן דעק פון'ם שליטן און פון שרעק האָב איך פאַרמאַכט די אויגן.

מיין פערד האָט זיך געטראַגן ווי אַ מעשוגענער. דעם וואָלפס קלאַפן מיט די ציין האָט זיך געהערט ביים סאַמע אויער מיינעם.

אָבער צום גליק האָט דער וואָלף נישט געלייגט קיין בּרעקל אַכט אויף מיר. ער איז אַריבערגעשפּרונ־

געגן איבערן שליטן, פונקט מיר איבערן קאָפּ, און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מײַן אָרעם פערד.

אין איין מינוט איז דער הינטערטייל פון מײַן פערד פאַרשוווּנדן אין זײַן פּיסק. דער פאָדערטייל איז פון שרעק און ווייטיק נאָך אַלץ געשפּרונגען פאָרויס.

דער וואָלף האָט זיך אײַנגעפרעסן אין מײַן פערד אַלץ טיפער און טיפער.

אַז איך בין געקומען צו זיך, האָב איך געכאַפּט די בײַטש און נישט פאַרלירנדיק קיין איין מינוט, האָב איך גענומען שמײַסן דערמיט די בלוטדורשטיקע בײַע.

דער וואָלף האָט גענומען וואָיען און זיך אַ ריס געטון פאָרויס.

דער פאָדערטייל פונעם פערד, וואָס דער וואָלף האָט נאָך נישט געהאַט אויפגעגעסן, איז אַרויסגעפאַלן פונעם געשפּאַן אין שניי אַרײַן, און דער וואָלף איז געבליבן אויף זײַן אָרט — צווישן די האָלאָבליעס און אינעם פערד־געשפּאַן!

אַרויסרײַסן זיך פונעם געשפּאַן האָט ער נישט געקאָנט. ווײַל ער איז געווען אײַנגעשפּאַנט ווי אַ פערד. און איך האָב אים אַלץ געשמיסן מיט אַלע מײַנע קויכעס.

ער האָט זיך געטראָגן פאָרויס און געשלעפּט נאָך זיך מײַן שליטן. מיר האָבן זיך געטראָגן אַזוי שנעל, אַז שוין אין צוויי דרײַ שאָ אַרום זענען מיר אַרײַנגעפאָרן אין פּעטערבורג.

גאַנצע האַמוינים איבערראַשטע פּעטערבורגער איינוווינער זענען אַרויסגעלאָפן אַ קוק טון אויפן העלד, וואָס אָנשטאָט אַ פערד איז איינגעשפּאַנט אין זיין שליטן אַ צעיושעטער וואָלף.

# פונקען פון די אויגן

אין פּעטערבורג האָט זיך מיר געלעבט גוט.

איך פלעג אָפט זיין אויף יאַגד און איצט דערמאָן איך מיט פאַרגעניגען די פרייליכע צייט, ווען מיט מיר פלעגן קימאַט אַלע טאָג פּאַסירן אַזוי פיל ווונדערלעכע געשיכטעס. איינע אַ געשיכטע איז געווען זייער אינטערעסאַנט.

די זאַך איז געווען אַזוי: פונעם פענצטער פון מיין שלאָפצימער האָט זיך געזען אַ ברייטע סאַזשעלקע, וווּ עס איז געווען זייער פיל פאַרשידענע ווילדוואַרג.

— איינמאָל, אינדערפרי. ווען איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער, האָב איך באַמערקט אויף דער סאַזשעלקע ווילדע ענטלעך.

טייקעף האָב איך געכאַפּט מיין ביקס און פייל אויסן בויגן בין איך אַרויסגעלאָפן פון מיין הויז.

אָבער אין גערודער, לויפנדיק פון די טרעפּ, האָב איך אַ זעץ געטאָן דעם קאָפּ אין דער טיר אין אַזוי שטאַרק, אַז ביי מיר פון די אויגן זענען אַרויסגעפלויגן פונקען.

דאָס האָט מיך נישט אָפּגעשטעלט.

איך בין געלאָפן ווײַטער, אָט איז ענדלעך די סאָזשעלקע. איך צילעווע זיך אָן אין דעם סאַמע פּעטן ענטל, איך וויל אויסשיסן — און צו מײַן שרעק באַמערק איך, אַז די ביקס איז אָן אַ פײַערשטיין, און אָן אַ פײַערשטיין איז אוממעגלעך צו שיסן.

וואָס זאָל איך טון? לויפן אַ היים נאָכן פײַערשטיין? קאָנען דאָך אָבער די ענטלעך אַוועקפליען.

פאַרומערט האָב איך אַראָפּגעלאָזן מײַן ביקס און פאַרשאָלטן מײַן מאַזל.

פּלוצלונג איז מיר אײַנגעפאַלן אַ גלענצנדיקער געדאַנק. מיט דער גאַנצער קראַפט האָב איך זיך אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן רעכטן אויג. פונעם אויג האָבן, פאַרשטייט זיך, גענומען פליען פונקען, און דער פולווער האָט אין זעלביקן אויגנבליק אויפגעפלאַקערט.

אָ! דער פולווער האָט אויפגעפלאַקערט, די ביקס האָט אויסגעשאָסן, און איך האָב מיט איין שאָס דערהאַרגעט צען אויסגעצייכנטע ענטלעך. איך ראָט אײַך יעדעס מאָל, ווען איר וועט וועלן מאַכן פײַער, זיך באַנוצן מיטן זעלביקן מיטל.

## אַ פוקס אויף אַ נאָדל

יאָ, אײַנפאַלערישקײַט איז דער איקער אין לעבן און כ׳איז נאָך נישט געווען קיין מענטש מיט מער

אײַנפֿאַלן, ווי דער באַראָן מינכהאַוזען. איינמאָל, אין אַ רוסישן געדיכטן וואַלד, האָט זיך מיר געמאַכט אַ שוואַרץ־ברוינער פֿוקס.

די פֿעל פֿון דעם דאָזיקן פֿוקס איז געווען אַ זאַ גוטע,



אַז מיך האָט פֿאַרדראָסן צו פֿאַטערן זי מיט אַ קויל אָדער מיט שרויט.

נישט געזוימט קיין מינוט, האָב איך אַרויסגענו־

מען ־ קויל פון ביקס־רער. אָנגעלאָדן די ביקס מיט א לאַנגער שוסטער־נאָדל און אויסגעשאָסן אין דעם דאָזיקן פוקס. אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אונטער אַ בוים, האָט די נאָדל פעסט צוגענעגלט זײַן עק צום שטאָם.

נישט אײַלנדיק זיך, בין איך צוגעגאַנגען צום פוקס און גענומען אים שמײַסן מיט אַ קאַנטשיק. דער פוקס איז אַזוי ווילד געוואָרן פון ווייטיק, אַז — איר'ט מיר גלייבן? — ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן פעל און איז פון מיר אַנטלאָפן אַ נאַקעטער. די פעל איז געבליבן בײַ מיר אַ גאַנצע, נישט קיין קאַליע געוואָרענע פון אַ קויל אָדער פון שרויט.

# אַן אומגעוויינלעכער הירש

איבעריקנס, מיט מיר פלעגן פּאַסירן נאָך גרע־סערע וווּנדער.

איך גיי אַזוי איינמאָל אין וואַלד און לאָז זיך ווילגיין מיט זיסע, זאַפטיקע קאַרשן, וואָס איך האָב געקויפט אויפן וועג.

און פּלוצלונג, פונקט אַנטקעגן מיר שטייט אַ הירש! אַ שטאַרקער, אַ שיינער מיט גוואַלדיק־גרויסע צעצווײַגטע הערנער!

און איך האָב, אויף צעלאָכעס, קיין איין קויל נישט.

דער הירש שטייט און קוקט זיך גאַנץ רויִק אויף

מיר, פונקט ווי ער וואָלט וויסן, אַז מײַן ביקס איז נישט קיין אָנגעלאָדענע.

צום גליק, איז בײַ מיר נאָך געבליבן עטלעכע



קאַרשן, האָב איך אָנגעלאָדן די ביקס מיט אַ קאַרש־ביינדל אָנשטאָט אַ קויל. יאָ, יאָ, לאַכט נישט, מיט אַ געוויינלעך ביינדל.

עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס, אָבער דער הירש

האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס ביינדל האָט אים געטראָפן אין שטערן און האָט אים נישט געשאַדט. אין איין אויגנבליק איז ער פאַרשווונדן אין דער וואַלד־געדיכטעניש. מיך האָט זייער פאַרדראָסן, וואָס איך האָב אַרויסגעלאָזט אַזאַ שיינע כּיַע.

אין אַ יאָר אַרום בין איך ווידער געווען אויף יאַגד אינעם זעלביקן וואַלד. פאַרשטייט זיך, צו דער צייט האָב איך שוין גאָר אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן וועגן דער געשיכטע מיטן קאַרשן־היינדל.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיַן איבעראַשונג, ווען פון דער וואַלד־געדיכטעניש איז גלײַך אויף מיר אַרויס־געשפּרונגען אַן אויסגעצייכנטער הירש, און צווישן זיַנע הערנער איז געוואַקסן אַ הויכער, צע־שפּרייטער קאַרשן־בוים! אָך, איר'ט גלייבן? דאָס איז געווען זייער שיין: אַ שלאַנקער הירש און ביַי אים אויפן קאָפּ אַ שלאַנקער בוים! איך האָב גלײַך גע־טראָפן, אַז אָט דער בוים איז אויסגעוואַקסן פון יענעם קליינעם ביינדעלע, וואָס האָט מיר פאַראַיאָרן געדינט אַלס קויל.

דאָס מאָל האָט שוין ביַי מיר נישט געפעלט קיין קוילן. איך האָב זיך אָנגעצילעוועט, אויסגעשאָסן, און דער הירש איז אַ טויטער געפאַלן צו דער ערד. אויף אַזאַ אויפן האָב איך מיט איין שאָס מיט אַמאָל באַ־קומען אי געבראָטנס, אי אַ קאַרשן־קאָמפּאָט, ווײַל דער בוים איז געווען באַשאָטן מיט גרויסע צײַטיקע קאַרשן.

— איך מוז זיך מוידע זײַן. אַז קיין געשמאַקערע קאַרשן האָב איך נישט פאַרזוכט זינט איך לעב.

## און אַכטפיס'יקער האָז

יאָ, נישט ווייניק וואונדערלעכע געשיכטעס האָבן מיט מיר פּאַסירט אין רוסלאַנד! איינמאָל האָב איך זיך געיאָגט נאָך אַן אומגעוויינלעכן האָז. דער האָז איז געווען אַ וואונדערלעכער לויפער. ער לויפט אַלץ פאַרויס און פאָרויס — ער זאָל זיך כאָטש אַ מינוט אָפּרוען. צוויי טעג האָב איך זיך געיאָגט נאָך אים, נישט אַראָפּקריכנדיק פונעם זאָטל, און איך האָב אים אויף קיין פאַל נישט געקאָנט דעריאָגן. מײַן געטרײַער הונט, דיאַנקע, איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן אויף קיין טריט, אָבער איך האָב פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט זיך דערנענטערן צו אים אויף אַ שטרעקע פון אַ שאָס.

אויפן דריטן טאָג איז מיר פונדעסטוועגן געלונגען אונטערצושיסן דעם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם האָז. ווי נאָר ער איז געפאַלן אויפן גראָז, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און זיך גענומען אים באַטראַכטן. שטעלט זיך פאָר מײַן פאַרוואונדערונג, ווען איך האָב דערזען, אַז דער דאָזיקער האָז האָט אויסער זײַנע געוויינלעכע פיס געהאַט נאָך רעזערוו־פיס. ער האָט געהאַט פיר פיס אויפן בויך און פיר אויפן רוקן!

יאָ, אויפן רוקן האָט ער געהאַט אויסגעצייכנטע

פעסטע פיס! ווען די אונטערשטע פיס פלעגן אים פאַר־
מאַטעריט ווערן, פלעגט ער זיך אויסדרייען אויפן רוקן
מיטן בויך אַרויף און איז ווידער געלאָפן מיט
זיינע רעזערוו־פיס.

איז נישט קיין וווּנדער, וואָס איך האָב, ווי אַ
פאַרסאַמטער, זיך געיאָגט נאָך אים דריי מעסלעס.

—

# אַ האָלבפערד

אין שלאַכטן האָב איך זיך, פאַרשטייט זיך, אויס־
געצייכנט מיט פאַרצווייפלטער העלדישקייט און פלעג
פרייער פאַר אַלעמען אָנפאַלן אויפן סוינע. איינמאָל
נאָך אַ הייסער שלאַכט מיט די טערקן האָבן מיר פאַר־
כאַפּט דעם סוינעס אַ פעסטונג. איך האָב זיך דער
ערשטער אַריינגעריסן אין דער פעסטונג, פאַרטריבן
פון דאָרטן אַלע טערקן און צוגעריטן צום ברונעם —
אָנצוטרינקען דאָס צעהיצטע פערד. דאָס פערד האָט
געטרונקען און אַלץ נישט געקאָנט שטילן זיין דורשט.
עס זענען אַריבער עטלעכע שאָ, און עס קאָן זיך נאָך
אַלץ נישט אָפּרייסן פונעם ברונעם. וואָס פאַר אַ וווּנ־
דער! איך בין געוווען איבערראַשט. נאָר פּלוצלונג האָט
זיך הינטער מיר דערהערט אַ מאָדנער פּליעסק. איך
האָב אַ קוק געטון אויף הינטן און פון פאַרוווּנדערונג
בין איך שיר נישט אַראָפּגעפאַלן פונעם זאָטל. לאָזט
זיך אויס, אַז דער גאַנצער הינטערטייל פון מיין פערד

איז געווען אינגאַנצן אָפּגעשניטן. דאָס וואַסער, וואָס
ער האָט געטרונקען, האָט זיך פריי אַרויסגעגאָסן פון
הינטן און זיך ניט פאַרהאַלטן ביי אים אין בויך.
דערפון האָט זיך הינטער מיר געשאַפן אַ ברייטע אָזיע-
רע. איך בין געווען צעטומעלט. וואָס פאַר אַ מאָדנע
געשיכטע! נאָר אָט איז געקומען צו ריטן צו מיר
איינער פון מיינע סאָלדאַטן, און די רעטעניש איז אין



איין אויגנבליק קלאָר געוואָרן. ווען איך האָב זיך גע-
יאָגט נאָכן סוינע און זיך אַריינגעריסן אינעם טויער
פונעם סוינעס פעסטונג, האָבן די טערקן פונקט אין דער
מינוט פאַרהאַקט דעמדאָזיקן טויער און אָפּגעשניטן די
הינטערשטע העלפט פון מיין פערד. פונקט ווי מען
וואָלט אים צעהאַקט אויף דער העלפט! די דאָזיקע

הינטערשטע העלפט איז אַ געווויסע צײַט געבליבן נישט ווײַט פון טויער, זיך געבריקעט און צעטריבן די טערקן מיט אירע קאָפּיטעס, און דערנאָך איז זי אַוועקגעלאָפן אויף דער דערבײַיקער לאָנקע.

— זי פּאַשעט זיך דאָרט איצט אויך! — האָט מיר מיטגעטיילט דער סאָלדאַט.

— זי פּאַשעט זיך? עס קאָן נישט זײַן!

— גיט אַליין אַ קוק.

איך האָב זיך אַוועקגעיאָגט אויף דער פּאָדערשטער העלפט פערד אין דער ריכטונג צו דער לאָנקע. דאָרט האָב איך ווירקלעך געפונען די הינטערשטע העלפט פון מײַן פערד. זי האָט זיך פרידלעך געפּאַשעט אויף דער גרינער לאָנקע. איך האָב טייקעף געשיקט נאָכן מיליטערישן דאָקטאָר, און ער האָט נישט לאַנג געטראַכט און צונויפגענייט ביידע העלפטן פון מײַן פערד מיט דינע לאָרבער־צווייגלעך, ווײַל קיין פעדעם האָט זיך אונטער די הענט נישט געמאַכט. ביידע העלפטן זענען זיך אויסגעצייכנט צונויפגעוואַקסן און די לאָרבער־צווייגלעך האָבן זיך אײַנגעוואָרצלט אין קערפּער פון מײַן פערד. אין אַ כוידעש אַרום האָט זיך בײַ מיר איבערן זאָטל געשאַפן אַן אַלטאַנקע פון לאָרבער־צווײַגלעך.

זיצנדיק אין דער דאָזיקער געמיטלעכער אַלטאַנקע, האָב איך נישט ווייניק וווּנדערלעכע העלדנטאַטן באַוויזן.

# דער בינען־פּאַסטוך און די בערן

אָבער נישט מײַן קראַפט און נישט מײַן העלדיש־קײַט האָבן מיך נישט געראַטעוועט פון אַ שרעקלעכן אומגליק. אײנמאָל, בײַ אַ שלאַכט האָבן מיך די טערקן אַרומגערינגלט און כאָטש איך האָב זיך געשלאָגן װי אַ טיגער, בין איך פונדעסטװעגן אַרײַנגעפאַלן צו זײ אין געפאַנגענשאַפט. זײ האָבן מיך געבונדן און פאַר־קױפט פאַר אַ שקלאַף. פאַר מיר האָבן זיך אָנגעהײבן פינצטערע טעג. עמעצ, אַרבעט פלעגט מען מיר געבן נישט קײן שװערע, אָבער אַ גענוג לאַנגװײַליקע און נודנע: מיך האָט מען באַשטימט פאַר אַ בינען־פּאַסטעך. אַלע פרימאָרגן פלעג איך דאַרפן אַרױסטרײַבן דעם סולטאַנס בינען אױף דער לאָנקע, זײ פאַשען אַ גאַנצן טאָג, און אין אָװנט זײ אַרײַנטרײַבן אין די בינשטאָקן. אין אָנהײב איז אַלץ געגאַנגען גוט, נאָר אָט אײנמאָל, װען איך האָב איבערגעצײלט מײַנע בינען, האָב איך באַמערקט, אַז אײנע פעלט. איך בין אַװעק זי זוכן און אינגיכן האָב איך דערזען, אַז אױף איר זענען אָנגע־פאַלן צװײ גרױסע בערן, װעלכע האָבן, װײַזט אױס, געװאָלט זי צערײַסן אױף דער העלפט און נאַשן פון איר זיסן האָניק.

איך האָב מיט זיך נישט געהאַט קײן שום גע־װער — בלױז אַ קלײן זילבערן העקעלע. איך האָב זיך פאַרמאָסטן און אַ שלײַדער געטון אָט דאָס העקעלע

אין די זשעדנע כּײַעס, קעדיי זיי צו דערשרעקן און באַפרײַען די אָרעמע בין. די בערן האָבן זיך געלאָזט לויפן, און די בין איז געווען געראַטעוועט. אָבער צום אומגליק האָב איך נישט אויסגערעכנט דעם שווונג



פון מײַן מעכטיקער האַנט און איך האָב אַ שליידער געטאָן דאָס העקעלע מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס איז פאַרפלויגן אויף דער לעוואָנע. יאָ, אויף דער לעוואָנע!

איך שאָקלט מיטן קאָפּ און לאַכט, אָבער מיר האָט זיך דעמאָלט נישט געוואָלט לאַכן. איך האָב זיך פאַר־טראַכט. וואָס האָב איך געקאָנט טון? ווו זאָל איך נעמען אַזאַ לאַנגן לייטער, אַז איך זאָל קענען דער־לאַנגען אַזש צו דער לעוואָנע?

—

## די ערשטע רייזע אויף דער לעוואָנע

צום גליק האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אין טערקײַ איז דאָ אַזאַ גאָרטנוואַרג, וואָס וואַקסט זייער שנעל און אָפּטמאָל דערוואַקסט עס ביזן סאַמע הימל. דאָס איז — טערקישע באָב. נישט געזוימט קיין מינוט, האָב איך אײַנגעזעצט אין דער ערד איינעם אַזאַ באָב, און ער האָט באַלד גענומען וואַקסן.

ער איז געוואַקסן אַלץ העכער און העכער און האָט אינגיכן דערגרייכט ביז צו דער לעוואָנע!

— הוראַ! — האָב איך אויסגעשריען און גענומען קלעטערן אַרויף איבערן שטענגל. אין אַ שאַ אַרום בין איך שוין געווען אויף דער לעוואָנע. נישט לײַכט איז מיר געווען צו געפינען אויף דער לעוואָנע מײַן זיל־בערן העקעלע. די לעוואָנע איז אַ זילבערנע און דאָס העקעלע איז אַ זילבערנס — זילבער אויף זילבער איז נישט קאָנטיק. אָבער סאָף־קאָל־סאָף האָב איך פונ־דעסטוועגן אויפגעזוכט מײַן העקעלע אויף אַ קופּע פּיילע שטרוי. מיט פרייד האָב איך עס פאַרשטעקט

הינטערן גאַרטל און געוואָלט זיך אַראָפּלאָזן צוריק אויף דער ערד. אָבער — נעבעכדיקע טעג: די זון האָט אויסגעטרוקנט מײַן באָב־שטענגל, און עס האָט זיך צעשאָטן אויף פּיץ־פּיצלעך! איך האָב שיִער נישט גע־נומען וויינען. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? שוין זשע וועל איך קיינמאָל צוריק נישט קומען אויף דער ערד? שוין זשע וועל איך אַזוי פאַרבלײַבן אַ גאַנצן לעבן אויף דער נימעסער לעוואָנע? אָ, ניין! פאַר קיין פאַל נישט! איך בין צוגעלאָפן צום שטרוי און האָב גענומען פלעכטן דערפון אַ שטריק. אַ שטריק האָט זיך באַקומען נישט קיין לאַנגער, אָבער וואָס איז דער אומגליק. איך האָב זיך גענומען אַראָפּלאָזן. מיט דער לינקער האַנט האָב איך זיך געגליטשט איבער דעם שטריק און אין דער רעכטער האָב איך געהאַלטן די האַק.

אָבער אינגיכן האָט זיך דער שטריק געענדיקט, און איך בין געבליבן הענגען אינדערלופטן: צווישן הימל און ערד. דאָס איז געווען שרעקלעך, אָבער איך האָב זיך נישט פאַרלוירן. נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך געכאַפּט דאָס העקעלע און, פעסט זיך האַלטנדיק פאַרן אונטערשטן עק פון דעם שטריק, האָב איך אָפּגעהאַקט זײַן אויבערשטן עק און אים צוגעבונדן צום אונ־טערשטן. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך אַראָפּלאָזן נידעריקער צו דער ערד.

אָבער פונדעסטוועגן איז נאָך ביז צו דער ערד געווען ווײַט. פיל מאָל איז מיר אויסגעקומען אָפּצוהאַקן

די איבערשטע העלפט שטריק און זי צוגעבונדן צו דער אונטערשטער. ענדלעך האָב איך זיך אַראָפּגע־לאָזט אזוי נידעריק, אַז איך האב געקענט זען די שטאָטישע הײַזער און פּאַלאַצן. ביז דער ערד איז געבליבן סאַכאַקל דרײַ אָדער פיר מײַל.

און פּלוצלונג — אָ, א שרעק! — דער שטריק האָט זיך איבערגעריסן. איך האָב זיך אַ זעץ געטון אין דער ערד מיט אזא קראַפט, אַז איך האָב אויסגעהאַקט אַ גרוב, אמווייניקסטן א האַלבע מײַל די טיף.

ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך לאַנג נישט געוווּסט, ווי זאָל איך ארויסקריכן פון דער דאָזיקער טיפער גרוב. א גאַנצן טאָג האָב איך נישט געגעסן, נישט געטרונקען, נאָר אַלץ געטראַכט און געטראַכט, און ענדלעך האָב איך זיך דערטראַכט: איך האָב מיט די נעגל אויסגעגראָבן טרעפּלעך אין אויף די דאָזיקע טרעפּ בין איך אַרויף אויף דער אויבער־פלאַך פון דער ערד.

אָ, מינכהאַוזען קאָן קיינמאָל נישט אומקומען!

## א באַשטראָפטער פרעסער

די דערפאַרונג, וואָס קומט אָן אַזוי שווער, מאַכט אַ מענטשן קליגער. נאָך מײַן רייזע אויף דער לעוואָנע האָב איך דערפונדן אַ מער באַקוועם מיטל צו באַפרײַען מײַנע בינען פון די בערן.

פאַרנאַכט האָב איך אָנגעשמירט מיט האָניק די
האַלאָבליע פון דעם וואָגן און איך האָב זיך באַהאַלטן
נישט ווײַט פון אים. ווי נאָר ס'איז געוואָרן פינצטער,



האָט זיך צום וואָגן אונטערגעגאַנוועט א גרויסער בער
און זיך צוגעכאַפּט אָפּלעקן דעם האָניק, וואָס איז גע־
ווען אָנגעשמירט אויף דער האַלאָבליע. דער פרעסער
האָט זיך אַזוי אַרײַנגעטאָן אין דער נאַשערײַ, אַז ער
אָהט נישט באַמערקט, ווי די האַלאָבליע איז אַרײַנ־

געקראָכן אין גאָרגל, און דערנאָך אין מאָגן און סאָף־קאָל־סאָף איז זי אים אַרויס פון הינטן.

אויף דעם האָב איך נאָר געוואַרט.

איך בין צוגעלאָפן צום וואָגן און אַרײַנגעהאַקט אין דער האַלאָבליע הינטערן בער א גראָבן און א לאַנגען טשוואָק. דער בער איז געבליבן שטעקן אויף דער האַלאָבליע. איצט וועט ער זיך נישט קאָנען רוקן נישט אַהער און נישט אַהין. אין אַזא לאַגע האָב איך אים איבערגעלאָזט ביז אינדערפרי.

אינדערפרי האָט וועגן דעם שפּיצל זיך דערוווּסט דער טערקישער סולטאַן אַליין און ער איז געקומען אַ קוק טון אויפן בער און איז שיר נישט געפאַלן פון געלעכטער.

## אַ מערקווירדיקע יאַגד

איבעריקנס, מיט מיר פלעגן פאָרקומען נאָך אינטערעסאַנטערע צופאַלן. איינמאָל בין איך געווען אויף יאַגד אַ גאַנצן טאָג און פאַרנאַכט האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין טיפן וואַלד אויף עפּעס אַ ברייטער אָזערע, וווּ עס האָט געשוויבלט מיט ווילדע ענטלעך. אין מײַן גאַנצן לעבן האָב איך נישט געזען אַזוי פיל ענטלעך!

צום באַדויערן, איז בײַ מיר נישט פאַרבליבן קיין איין קויל.

און איך האָב פּונקט דעם אָוונט געוואַרט אויף

אַ גרויסער קאָמפּאַניע פּריינט, און מיר האָט זיך געוואָלט זיי מעכאַבעד זײַן מיט ווילדוואַרג. איך בין ביכלאַל אַ מענטש אַ גאַסטפרײַנדלעכער און מיט אַ ברייטער האַנט. מײַנע מיטאָגן און אָוונטעסנס זענען געווען באַרימט אין גאַנץ פּעטערבורג. איז ווי וועל איך קומען אַהיים אָן ענטלעך?

לאַנג בין איך געשטאַנען אומאַנטשלאָסן און פּלוצלונג האָב איך זיך דערמאַנט, אַז אין מײַן יאָגד-בײַטל איז געבליבן אַ שטיקל כאַזערפעטס.

הוראַ! דאָס פעטס וועט זײַן אַן אויסגעצייכנט מיטל אויף אַרײַנצונאַרן די ענטלעך:

איך האָב דאָס כאַזערפעטס אַרויסגענומען פונעם בײַטל, שנעל עס צוגעבונדן צו אַ לאַנג און דין שטריקל און דאָס געוואָרפן אין וואַסער.

די ענטלעך, אַז זיי האָבן דערזען עסנוואַרג, זענען זיי באַלד צוגעשווומען צום פעטס.

איינס פון זיי האָט עס זשעדנע אײַנגעשלינגען.

אָבער דאָס פעטס איז געווען גליטשיק, האָט זיך עס שנעל דורכגעגליטשט דורכן ענטל און איז אַרויס פון דער צווייטער זײַט.

אויף אַזאַ אופן האָב איך געהאַלטן דאָס ענטל בײַ מיר אויפן שטריקל.

דעמאָלט איז צום כאַזערפעטס צוגעשווומען אַ צווייט ענטל. און מיט דעם איז פאָרגעקומען דאָס זעלביקע. איין ענטל נאָכן צווייטן האָבן דורכגעשלונ-

גען דאָס פעטס און האָבן זיך אַרויפגעצויגן אויפ־ שטריקל, ווי אויף אַ פאָדעם. עס זענען נישט פאַרבײַ קיין צען מינוט, — זענען שוין אַלע ענטלעך געווען אָנגעצויגן אויפן שטריקל, ווי קאָרעלן. איר קענט זיך פאָרשטעלן, ווי פריילעך מיר איז געווען צוצוזען אַזא רײַכן רויב. מיר איז געבליבן נאָר אַרויסציִען די גע־ פאנגענע ענטלעך און זיי אָפטראָגן צו מײַן קעכער אין קיך אַרײַן.

אָט וועט עס זײַן אַ מאָלצײַט פאַר מײַנע פרײַנט. אָבער שלעפן די מאַסע ענטלעך איז געווען נישט אַזוי גרינג.

איך האָב געמאַכט עטלעכע טריט און בין שרעקלעך פאַרמאַטערט געוואָרן.

פלוצלונג — איר קענט זיך פאָרשטעלן מײַן איבערראשונג — זענען די ענטלעך אַרויפגעפלויגן אינדערלופטן און האָבן מיך אויפגעהויבן ביז צו די וואָלקנס.

אַן אַנדערער אויף מײַן אָרט וואָלט זיך פאַר־ לאָרן, אָבער איך בין אַ מענטש אַ העלדישער און מיט אײַנפאַלן.

איך האָב פון מײַן סורדוט געמאַכט אַ רודער און קערעווענדיק די ענטלעך בין איך שנעל דערפלויגן ביז מײַן הויז.

אָבער ווי אַזוי לאָזט מען זיך אַראָפּ? זייער פּאָ־ שעט! מײַן אײַנפאַלערישקייט האָט מיר אויך דאָ גע־

האָלפּן. איך האָב עטלעכע ענטלעך אַראָפּגעדריקט די קעפּ. און מיר האָבן זיך לאַנגזאַם גענומען אַראָפּלאָזן צו דער ערד.

איך בין אַרײַנגעפֿאַלן פּונקט אינעם קוימען פֿון מײַן אייגענער קיך! ווען איר וואָלט געזען, ווי מײַן קעכער איז עס געווען איבערראַשט, ווען איך האָב זיך באַוויזן פֿאַר אים אויף דער פּליטע!

צום גליק, האָט ער נאָך נישט געהאַט אײַנגעהייצט די פּליטע.

## רײַטנדיק אויף א גראַנאַט

איבעריקנס, בײַס דער מילחמה איז מיר אויסגעקומען צו רײַטן נישט נאָר אויף פֿערד, נאָר אויך אויף האַרמאַטן־גראַנאַטן.

פֿאָרגעקומען איז דאָס אַזוי:

מיר האָבן באַלאַגערט עפּעס א טערקישע שטאָט, און אונדזער קאָמאַנדיר האָט זיך געדאַרפֿט דערוויסן, צי זענען אין דער דאָזיקער שטאָט פֿאַראַן א סאַך האַרמאַטן. אָבער אין אונדזער גאַנצער אַרמיי האָט זיך נישט געפֿונען קיין איין העלד, וואָס זאָל אונטערנעמען אומבאַמערקט אַרײַנצוגאַנווענען זיך אין סײַנעס לאַגער.

העלדישער פֿאַר אַלעמען בין איך געווען.

איך האָב זיך געשטעלט פֿאַזע דעם גרעסטן האַרמאַט, וואָס האָט געפֿײַערט אויף דער טערקישער שטאָט,

און, ווען פון האַרמאַט איז אַרויסגעפלויגן אַ גראַנאַט בין איך אַרויפגעשפרונגען אויף אים רײַטנדיק און זיך בראַוו אַוועקגעטראָגן פאָרויס. אַלע האָבן אויסגעשריען אין איין שטים:

— בראַוואָ, בראַוואָ, באַראָן מינכהאַוזען!

פון אָנהייב בין איך געפלויגן מיט פאַרגעניגן, אָבער ווען פונדערווײַטנס האָט זיך דערוויזן דעם סוינעס שטאָט, האָבן מיך אַרומגענומען אומרויִקע געדאַנקען.

— הם! — האָב איך צו זיך געזאָגט — אַרײַנפליִען וועסטו, ווײַזט אויס, אַרײַנפליִען, אָבער צי וועט דיר געלינגען פון דאָרט אַרויסצוקריגן זיך? די סאָנים וועלן זיך מיט דיר נישט צערעמאָניען. זיי וועלן דיך כאַפּן, און וועלן דיך ווי אַ שפּיאָן, אויפהענגען אויף דער נאָענטסטער טליע. ניין, ליבער מינכהאַוזען, דו דאַרפסט זיך אומקערן צוריק, כאָלזמאַן ס'איז נישט שפּעט! אין דער מינוט איז פאַרבײַ מיר פאַרבײַגעפלויגן אַן אַנטקעגנדיקער גראַנאַט, וואָס די טערקן האָבן געלאָזט אין אונדזער לאַגער. נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך זיך איבערגעזעצט אויף אים, און ווי גאָרנישט געשען, האָב איך זיך געלאָזן צוריק.

פאַרשטייט זיך, אַז בייסן פליִען האָב איך גענוי איבערגעציילט אַלע טערקישע האַרמאַטן און איך האָב געבראַכט מײַן קאָמאַנדיר די גאַנצע פּינקטלעכסטע ידיעס וועגן דעם סוינעס אַרטילעריע.

# די פערד אונטערן אָרעם — די קאַטש אויפֿן אַקסל

איך ניכן האָבן די טערקן מיך אָפּגעלאָזט פֿריַ און צוזאַמען מיט אַנדערע געפֿאַנגענע מיך אָפּגעשיקט צוריק קיין פּעטערבורג.

אָבער איך האָב באַשלאָסן אַוועקפֿאָרן פֿון רוסלאַנד, האָב איך זיך אַריַנגעזעצט אין אַ קאָטש און בין אַוועקגעפֿאָרן אין מיַן פֿאָטערלאַנד. דער ווינטער איז דעמאָלט געווען זייער אַ קאַלטער, אַפֿילע די זון האָט זיך צוגעקילט, אָפּגעפֿרוירן די באַקן און געכאַפּט אַ קאַטער. און ווען די זון איז פֿאַרקילט גיט זי נישט קיין וואַרעמקייט, נאָר קעלט. קענט איר זיך פֿאָרשטעלן, ווי שטאַרק איך בין דערפֿרוירן געוואָרן אין מיַן קאָטש! דער וועג איז געווען אַ שמאָלער. פֿון ביידע זיַטן זענען געווען פּאַרקנס. איך האָב באַפֿוילן מיַן פֿורמאַן, ער זאָל בלאָזן אין האָרן, קעדיי די אַנטקעגנדיקע עקיפּאַזשן זאָלן אָפּוואַרטן, ביז מיר וועלן דורכפֿאָרן, וויַל אויף אַזאַ שמאָלן וועג וואָלטן מיר נישט געקאָנט זיך פֿאַנאַנדערפֿאָרן. דער פֿורמאַן האָט אויסגעפֿילט מיַן באַפֿעל. ער האָט גענומען אַ האָרן און געבלאָזן, געבלאָזן, געבלאָזן, געבלאָזן, אָבער פֿונעם האָרן איז נישט אַרויס קיין שום קלאַנג! דערוויַל איז אונדז אַנטקעגן אָנגעפֿאָרן אַ גרויסער עקיפּאַזש.

פֿאַרפֿאַלן. איך קריך אַרויס פֿון דער קאָטש און

וואַרעמט בײַם אריוון. זענען זיי אָפּגעגאַנגען און אַלײן
גענומען אַרױספּליִען פֿון האָרן.
מיר מיטן פורמאַן האָבן אַ גאַנצן אָוונט האַנאָע
געהאַט פון אָט דער צױבער־מוזיק.

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

**.פרײַז 60 גר** **№ 19–20.** 25 MARCA 1936

# „Kinder-Frajnd"

DWUTYGODNIK **Wydanie B**

Adres redakcji i administracji: Warszawa I, Miła 33 m. 24.



## !פרײַנד, אַבאָנענטן

מיר האָבן דאָס מאָל געמאַכט אַן אויסנאַם:
אונדזערע בילכלעך אין מערץ דערשײַנען אַלס
אײנמאַליקער **טאָפּלנומער**. מיר האָבן געוואָלט אויף אַ שײנעם אופן

**באַצײכענען די דאַטע פון 1־יאָריקן**

**יוביל פון „קינדער־פרײַנד".**

מיר האָבן נישט געקאַרגט קײן קאָסטן, די אויסגאַבעס זאָלן זײַן וואָס
שענער און בעסער.

**פרײַנד!** אײן יאָר עקזיסטענץ פון אונדזער פאַרלאַג האָט געוויזן,
אַז אונדזער אַרבעט איז **נוצלעך און וויכטיק**.

ס'איז אָבער נאָך דאָ זײער אַ סך אויפצוטון!

**זאָל אײַער מאַטאָנע פאַר אונדז זײַן:**

**יעדער שטענדיקער אַבאָנענט פון**
**„קינדער־פרײַנד" שאַפט נאָך אײנעם!**

מיר זענען זיכער, אַז בײַ אײַער ליבע און צוטרוי צו אונדז קענט איר
אַלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער אויפטון זײער אַ סך!

פאַרוואַלטונג און רעדאַקציע
פון „קינדער־פרײַנד"

וואַרשע, מערץ 1936

**צוליב די פּײסעך־פּײַערן דערשײַנען די נאָענסטע בילכלעך דעם 20 און 30 אַפּריל.**

ע. ראספע





# מינכהאוזענס פאסירונגען

צווייטער טייל

| | | |
|---|---|---|
| נומער<br>8<br>3-טער יאָרגאַנג | „קינדער-פריינד".<br>ווארשע 1937 | ב |

ע. ראספע

# מינכהאוזענס פאַסירונגען

II טייל



„קינדער־פריינד", ווארשע 1937

צייכענונגען פון גוסטאַוו דאָרע.
איבערדערציילט פאַר קינדער – ק. טשוקאָווסקי.
ייִדיש – א. סטרעליק.

אין דעם ביכל קומט אונדזער ווײַטערדיקע ואַמלונג פון „מינכהאַויזענס פּאַסירונגען".

פ א ר ל א ג „ק י נ ד ע ר - פ ר ײַ נ ד"


Printed in Poland

E. R A S P E
MINCHAUSEN PASYUNGEN
„Kinder-Frajnd", Warszawa 1937
זעצעריי ה. גלאַנץ, טוראַנאַדסקע 28 ה. 25
Druk. „R e n o m a", Warszawa

# מײַנע װוּנדערלעכע דינער

די שיף איז געקומען צו דער הויפּטשטאָט פֿון טערקײַ.

דער טערקישער סולטאַן, װען ער האָט זיך דער־װוּסט, אַז איך בין געקומען, האָט ער, פֿאַרשטײט זיך, מיך אײַנגעלאַדן אויף מיטאָג, ער האָט מיך באַגעגנט אויפֿן שװעל פֿון זײַן פּאַלאַץ און געזאָגט:

– איך בין גליקלעך, װאָס איך קען אײַך באַגריסן אין מײַן אַלטער הויפּטשטאָט. איך האָף, אַז איר זענט פֿולקאָם געזונט. איך װײס װעגן אַלע אײַערע גרויסע העלדנטאַטן, און איך װאָלט געװאָלט אײַך איבערגעבן אַ שװערן איניען, װאָס מיט אים װעט זיך נישט ספּראַ־װען קײנער אויסער אײַך, װײַל איר זענט דער סאַמע קליגסטער און דערפֿינדערישסטער מענטש אויף דער װעלט. צי װאָלט איר נישט געקאָנט טײקעף פֿאָרן קײן עגיפּטן?

– זײער גערן! – האָב איך זיך אָפּגערופֿן. – איך האָב אַזוי ליב אַרומצוװאַנדערן, אַז איך בין גרײט כאָטש באַלד גײן אויף עק װעלט!

דעם סולטאַן איז מײַן ענטפער זייער געפעלן געוואָרן, און ער האָט מיר אָנגעטרויט אַן איניען, וואָס דאַרף אויף אייביק בלײַבן אַ געהיימעניש פאַר אַלעמען, און דעריבער קען איך נישט דערציילן, וואָס פאַר אַן איניען דאָס איז. איך האָב זיך פאַרנייגט און טייקעף געלאָזט זיך אין וועג אַרײַן.

ווי נאָר איך בין אָפּגעפאָרן פון דער טערקישער הויפּטשטאָט, איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ קליין מאָגער מענטשל, וואָס איז געלאָפן מיט אַן אומגעוויינלעכער



שנעלקייט. צו יעדן פוס זײַנעם איז געווען צוגעבונדן אַ שווער געוויכט, און פונדעסטוועגן איז ער געפלויגן, ווי פײַל אויסן בויגן.

— וווּהין? — האָב איך אים געפרעגט, — און צוליב וואָס האָסטו צוגעבונדן צו די פיס אָט די געוויכטן? זיי שטערן דאָך דיר צו לויפן!

— דרײַ מינוט צוריק בין איך געווען אין ווין, — האָט דאָס מענטשל געענטפערט לויפנדיק, — און איצט גיי איך קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיך זוכן עפּעס אַן אַרבעט. די גַעוויכטן האָב איך צוגעבונדן צו די פיס, איך זאָל נישט לויפן צו שנעל, ווײַל איך האָב נישט וואָס צו אײַלן זיך.

מיר איז זייער געפעלן געוואָרן אָט דער וואונדער־לעכער לויפער, און איך האָב אים גענומען צו זיך אויף אַרבעט. ער איז גערן געגאַנגען מיט מיר.

אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר בײַם סאַמע וועג באַמערקט אַ מענטשן, וואָס איז געלעגן אויף אַ זײַט, צוגעלייגט אַן אויער צו דר׳ערד.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך הער, ווי אין פעלד וואַקסט דאָס גראָז!

— האָט ער געענטפערט.

— און דו הערסט טאַקע?

— איך הער אויסגעצייכנט. פאַר מיר איז דאָס דרײַ מאָל גאָרנישט!

— אויב אַזוי, קום אַן צו מיר אויף אַרבעט, טײַערינ־קער! דײַנע פּילבאַרע אויערן וועלן מיר צונוץ קומען אין וועג.

ער האָט אײַנגעשטימט, און מיר זענען אוועק ווײַטער.

אינגיכן האָב איך דערזען אַ יעגער, וואָס האָט אין די הענט געהאַלטן אַ ביקסל.

— הער נאָר, — האָב איך זיך צו אים געוועגדט. — אין וועמען שיסטו עס? אין ערגעץ זעט זיך נישט קיין כאַיע, נישט קיין פויגל.

— אויפן דאַך פונעם גלאָקן-טורעם אין בערלין איז געזעסן אַ שפערל, האָב איך אים געטראָפן פונקט אין אויג אַריין.

איר ווייסט, ווי איך האָב ליב יאַגד. איך האָב ארומגענומען דעם טרעפלעכן שיסער און האָב אים איינגעלאַדן צו זיך אויף אַרבעט. ער איז מיט פרייד געגאַנגען מיט מיר.

מיר זענען דורכגעפאַרן פיל לענדער און שטעט און האָבן זיך דערנענטערט צו אַ גרויסן וואַלד. מיר זענען ביים וועג אַ מענטש פון אַ ריזיקער הייך און האַלט אין האנט אַ שטריק, וואָס ער האָט מיט אַ שלייף ארויפגעוואָרפן אַרום דעם וואַלד.

— וואָס שלעפסטו דאָס? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך האָב געדאַרפט אָנהאַקן האָלץ, און מיין האַק איז געבליבן אין דער היים, — האָט ער געענטפערט. — וויל איך אַזוי זיך אויסדרייען, אַז איך זאָל זיך באַגיין אָן אַ האַק.

ער האָט אַ ציי געטאָן פאַר דעם שטריק, און די קאָלאָסאַלע דעמבעס זענען ווי דינינקע גרעזעלעך ארויפגעפלויגן אינדערלופטן און געפאַלן צו דער ערד.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געזשאַלעוועט

קיין געלט און האָב באַלד אײַנגעלאַדן דעם דאָזיקן גוואר צו זיך אויף אַרבעט.

ווען מיר זענען געקומען צו פאָרן קיין עגיפּטן, האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ שרעקלעכער שטורעמווינט, אַז אַלע אונדזערע קאַרעטעס האָבן זיך ווי קײַקעלעך אָוועקגעטראָגן מיטן וועג.

פֿונדערווײַטנס האָבן מיר דערזען זיבן מילן, וואָס זייערע פליגלען האָבן זיך געדרייט, ווי משוגע. אויפן בערגל איז געשטאַנען אַ מענטש און מיטן ווײַז־פינגער פאַרקוועטשט זײַן רעכטע נאָזלאָך. אַז ער האָט אונדז דערזען, האָט ער העפלעך אַראָפּגענומען זײַן הוט, און דער שטורעמווינט האָט אין איין רעגע אויפֿגעהערט.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָב איך געפרעגט.

— איך דריי מײַן באַלעבאָס מילן! — האָט ער געענטפערט, — און כדי זיי זאָלן זיך נישט צעברעכן, בלאָז איך נאָר פון איין נאָזלאָך.

„דער דאָזיקער מענטש וועט מיר צונוץ קומען" האָב איך אַ קלער געטאָן און האָב אים פאַרגעלייגט פאָרן מיט מיר.

# כינעזישער ווײַן

אין עגיפּטן האָב איך שנעל אויסגעפּילט אַלע אויפטראָגן פונעם סולטאַן. מײַן אײַנפאַלערישקייט האָט מיר דאָ אויך געהאָלפן. אין אַ וואָך אַרום בין איך צוזאַמען מיט מײַנע אומגעוויינלעכע דינער געקו־מען צוריק אין דער הויפּטשטאָט פון טערקיי.

דער סולטאַן איז געווען צופרידן מיט מײַן צוריק־קומען און ער האָט מיך געלייבט פאַר מײַן געלונגע־נער האַנדלונג אין עגיפּטן.

– איר זענט קליגער פון אַלע מײַנע מיניסטאָרן, ליבער מינכהאַוזען! – האָט ער געזאָגט, פעסט דריקנ־דיק מײַן האַנט. – קימט צו מיר הײַנט אויף מיטאָג.

דער מיטאָג איז געווען זייער אַ געשמאַקער, נאָר צום באַדויערן, איז אויפן טיש נישט געווען קיין ווײַן, ווײַל די טערקן טאָרן נישט לויטן געזעץ טרינקען קיין ווײַן. איך בין געווען זייער צעטראָגן, ווען דער סולטאַן האָט, קעדיי מיך צו טרייסטן, מיך אַרײַנגעפירט נאָכן מיטאָג אין זײַן קאַבינעט, געעפנט אַ געהיימע שאַנק און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ פלעשל.

– אַזאַ אויסגעצייכנטן ווײַן האָט איר נאָר נישט פאַרזוכט אויף אײַער גאַנץ לעבן, מײַן ליבער מינכהאַו־זען! – האָט ער געזאָגט, אָנגיסנדיק מיר אַ פול גלאָז.

דער ווײַן איז ווירקלעך געווען אַ גוטער. אָבער איך האָב נאָכן ערשטן טרונק דערקלערט, אַז אין כינע



בײַם כינעזישן באָגדיכאַן פּיטשאַן איז דער ווײַן נאָך בעסער.

מײַן ליבער מינכהאַוזען! — האָט דער סולטאַן אויסגעשריגן. — איך בין געוווינט צו גלייבן יעדן וואָרט אײַערן, ווײַל איר זענט דער סאַמע וואָרהאַפּטי־קער מענטש אויף דער וועלט, אָבער איך שווער, אַז איצט זאָגט איר נישט קיין עמעס: בעסער פאַר דעם ווײַן איז נישטאָ.

— און איך וועל אײַך דערווײַזן, אַז ס'איז יאָ דאָ!

— מינכהאַוזען, איר פּלוידערט נאַרישקייטן!

— ניין, איך זאָג דעם ריינעם עמעס און איך נעם זיך אונטער פּונקט אין אַ שאָ אַרום אײַך ברענגען פּו־

נעם באַגדיכאַנס קעלער אַזאַ מין פלעשל ווײַן, וואָס אין פאַרגלײַך מיט אים איז אַבער ווײַן — אַ נישטיק זויערס.

— מינכהאַוזען, איר פאַררעדט זיך! איך האָב שטענ־דיק אײַך געהאַלטן פאַר איינעם פון די וואָרהאַפטיק־סטע מענטשן אויף דער וועלט, און איצט זע איך. אַז איר זענט אַ געוויסנלאָזער ליגנער.

— אייב אַזוי, פאָדער איך, איר זאָלט זיך טייקעף איבערצײַגן, צי איך זאָג עמעס!

— איך בין מאַסקים! — האָט דער סולטאַן גע־ענטפערט.—אויב ביז פיר אַ זייגער וועט איר מיר נישט צושטעלן פון כינע אַ פלעשל פונעם בעסטן ווײַן אין דער וועלט, וועל איך באַפוילן אײַך אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

— אויסגעצייכנט! — האָב איך אויסגעשריען — איך גיי אײַן אויף אײַערע באַדינגונגען, נאָר אויב ביז פיר אַ זייגער וועט דער דאָזיקער ווײַן זײַן בײַ אײַך אויפן טיש, וועט איר מיר אָפּגעבן אַזויפיל גאָלד פון אײַער אוצער. וויפל עס קאָן אַוועקטראָגן איין מענטש.

דער סולטאַן האָט אײַנגעשטימט. איך האָב אָנגע־שריבן צום כינעזישן באָגדיכאַן אַ בריוו און אים גע־בעטן מיר שענקן אַ פלעשל פונעם זעלביקן ווײַן, מיט וועלכן ער האָט מיך מעכאַבעד געווען מיט דרײַ יאָר צוריק.

„אויב איר וועט מיר אָפּזאָגן מײַן ביטע, — האָב

איך געשריבן — וועט אײַער פרײַנד מינכהאַוזען אומ־
קומען פון טאַליענס האַנט״.

ווען איך האָב געענדיקט שרײַבן, איז שוין געווען
פינף מינוט נאָך דרײַ.

איך האָב גערופן מײַן לויפער און אים געשיקט
אין דער כינעזישער הויפּטשטאָט. ער האָט אָפּגעבונדן
די געוויכטן, וואָס זענען געהאָנגען בײַ אים אויף די
פיס, גענומען דעם בריוו און אין איין אויגנבליק איז
ער פאַרשוווּנדן פון די אויגן.

איך בין צוריק אַרײַן אין סולטאַנס קאַבינעט.
וואַרטנדיק אויפן לויפער, האָבן מיר אויסגעטרונקען
ביזן דעק דאָס אָנגעהויבענע פלעשל.

דער זייגער האָט געשלאָגן אַ פערטל אויף פיר,
דערנאָך האַלב פיר, דערנאָך דרײַ פערטל פיר, און מײַן
לויפער האָט מע נאָך נישט געזען.

מיר איז געוואָרן אַביסל דאָסיק, באַזונדערס, ווען
איך האָב באַמערקט, אַז דער סולטאַן האַלט אין האַנט
א גלעקל אָנצוקלינגען און רופן דעם טאַליען.

— דערלויבט מיר אַרויסגיין אין גאָרטן כאַפּן אַ
ביסל פרישע לופט — האָב איך געזאָגט צום סולטאַן.

— ביטע! — האָט דער סולטאַן געענטפערט מיטן
ליבלעכסטן שמייכל.

אָבער ווען איך בין אַרויס אין גאָרטן, האָב איך
דערזען, אַז עס גייען מיר נאָך פוסטריט עפּעס מענטשן
און טרעטן פון מיר נישט אָפּ אויף אַ טריט.

דאָס זענען געווען דעם סולטאַנס טאַליאָנים, גרייט יעדע מינוט זיך צו וואַרפן אויף מיר און אָפּהאַקן מײַן אָרעמען קאָפּ.

אין פאַרצווייפלונג האָב איך אַ קוק געטון אויפן זייגער: פינף מינוט צו פיר. שוין זשע איז מיר געבליבן צו לעבן סאַכאַקל נאָך פינף מינוט? אָ, דאָס איז שרעק־לעך! איך האָב גערופן מײַן דינער – דעם זעלביקן, וועלכער האָט געהערט, ווי עס וואַקסט אינעם פעלד דאָס גראָז, – און איך האָב אים געפרעגט, צי הערט ער נישט די טריט פון מײַן לויפער. ער האָט צוגעלייגט דעם אויער צו דר'ערד און מיר מיטגעטיילט, צו מײַן גרויסן אומגליק, אַז דער פּוסטעפּאַסניק דער לויפער איז אַנטשלאָפן געוואָרן!

– יאָ, אַנטשלאָפן געוואָרן. איך הער, ווי ער כראָ־פּעט ווײַט־ווײַט.

מײַנע פיס האָבן זיך מיר אונטערגעבויגן פון שרעק. נאָך אַ מינוט, און איך וועל אומקומען מיט אַ שענדלעכן טויט.

איך האָב אַ רוף געטאָן דעם צווייטן דינער, דעם זעלביקן וואָס האָט געצילעוועט אינעם שפּערל: ער האָט זיך באַלד אַרויפגעקליבן אויפן סאַמע העכסטן טורעם, און שטייענדיק אויף די שפּיץ פינגער האָט ער אַרײַנגעקוקט אין דער ווײַט אַרײַן.

– נו, וואָס, דו זעסט דעם טויגעניכטס? – האָב איך געפרעגט שטיקנדיק זיך פון בייזקייט.

— איך זע, איך זע! ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ לאָנקע אונטער אַ דעמב נישט ווײַט פֿון פּעקין און כראָפּעט. און לעבן אים ליגט אַ פֿלעשל. נאָר וואַרט, איכל דיך אויפֿוועקן! —

ער האָט אויסגעשאָסן אינעם שפּיץ פֿונעם דעמב, וואָס אונטער אים איז געשלאָפֿן דער לויפֿער.

כאַזער־ניס, בלעטער און צווײַגן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויפֿן שלאָפֿנדיקן און אים אויפֿגעוועקט.

דער לויפֿער איז אויפֿגעשפּרונגען, אויסגעריבן די אויגן און זיך געלאָזט לויפֿן ווי אַן אונטערגעשאָסענער.

ביז פֿיר אַזייגער איז געבליבן סאַכאַקל אַ האַלבע מינוט, ווען ער איז אַרײַנגעפֿלויגן אין פּאַלאַץ מיטן פֿלעשל כינעזישן ווײַן.

איר קענט זיך פֿאָרשטעלן, ווי גרויס ס׳איז געווען מײַן פֿרייד. אַז דער סולטאַן האָט פֿאַרזוכט דעם ווײַן, איז ער אַרײַן אין היספּײַלעס און אויסגעשריגן:

— ליבער מינכהאַוזען! דערלויבט מיר צו באַהאַלטן אָט דאָס פֿלעשל ווײַטער פֿון אײַך. איך וויל עס אויסטרינקען אַליין. איך האָב גאָר נישט גערעכנט, אַז אויף דער וועלט איז פֿאַראַן אַזאַ זיסער און געשמאַקער ווײַן.

ער האָט פֿאַרשפּאַרט דאָס פֿלעשל אין שאַנק, און די שליסלען פֿון שאַנק האָט ער אַרײַנגעלייגט

צו זיך אין קעשענע און באַפוילן טייקעף צו רופן דעם פינאַנץ-מיניסטער.

— איך דערלויב מײַן פרײַנד מינכהאַוזען צו נעמען פון מײַנע אוצרעס אַזויפיל גאָלד, וויפל עס קאָן אַוועקטראָגן אויף איין מאָל איין מענטש, — האָט דער סולטאַן געזאָגט.



דער פינאַנץ-מיניסטער האָט זיך נידעריק פאַרנייגט פאַרן סולטאַן און האָט מיך אַוועקגעפירט אין די קעלערס אונטערן פאַלאַץ, וואָס זענען ביז אויבן געווען אָנגעפאַקט מיט אוצרעס.

איך האָב גערופן מײַן גיבור. ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זײַנע אַקסלען דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס איז געווען אין סולטאַנס אוצער, און מיר זענען אַוועקגעלאָפן צום יאַם.

דאָרט האָב איך געדונגען אַ גרויסע שיף און ביז אויבן אָנגעלאָדן זי מיט גאָלד.

אויפהייבנדיק די זעגלען, האָבן מיר זיך געאײַלט אַרויסצוגיין אין יאַם אַרײַן, ביז וואַנען דער סולטאַן האָט

זיך נאָך נישט געכאַפּט און נישט אָפּגענומען בײַ מיר מײַנע אויצרעס.

## מע יאָגט מיך נאָך

עס האָט אָבער פּאַסירט דאָס, פֿאַר וואָס איך האָב מוירע געהאַט.

ווי נאָר מיר זענען אָפּגעפֿאָרן פֿונעם ברעג, איז דער פֿינאַנץ־מיניסטער אַוועקגעלאָפֿן צו זײַן הערשער און אים געזאָגט, אַז איך האָב אינגאַנצן באַרויבט זײַנע אויצרעס. דער סולטאַן איז ווילד געוואָרן און געשיקט זײַן גאַנצן קריגספֿלאָט מיך דעריאָגן.

אַז איך האָב דערזען אַזויפֿיל קריגסשיפֿן, האָב איך, דעם עמעס זאָגנדיק, זיך דערשראָקן נישט אויף קיין געלעכטער.

— נו, מינכהאַוזען — האָב איך צו זיך געזאָגט, — עס איז געקומען דײַן לעצטע שאָ. איצט וועסטו זיך שוין נישט ראַטעווען. דײַן גאַנצע כיטרעקייט וועט דיר שוין נישט העלפֿן.

איך האָב דערפֿילט, אַז מײַן קאָפּ, וואָס האָט זיך נאָר וואָס פֿאַרפֿעסטיקט אויף מײַנע פּלייצעס, איז אַזוי ווי ער וואָלט זיך ווידער אָפּגעטיילט פֿון קערפּער.

פּלוצלונג איז צו מיר צוגעגאַנגען מײַן דינער, אָט דער וואָס האָט געהאַט אַזעלכע מעכטיקע נאָזלעכער.

— האָט קיין מוירע נישט! זיי וועלן אונדז נישט דעריאָגן! — האָט ער געזאָגט מיט א געלעכטער. ער

איז צוגעלאָפן צום עק שיף און, ווענדנדיק זײַן אײגן נאָזלאָך אַקעגן דעם טערקישן פּלאָט, און דאָס צווייטע אַקעגן אונדזערע זעגלען, האָט ער געמאַכט אַזאַ שרעק־



לעכן ווינט, אַז דער גאַנצער טערקישער פלאָט איז אין איין מינוט אָפּגעפלויגן פון אונדז צוריק אין האַפן.

און אונדזער שיף, אונטערגעטריבן פון מײַן מעכ־טיקן דינער, האָט זיך שנעל אַוועקגעטראָגן פאַרויס און אין א טאָג אַרום איז זי געקומען קיין איטאליע.

Opłata pocztowa uiszczona gotówką

פּרײַז 30 גר. דריטער יאָרגאַנג №8. 31 STYCZNIA 1937

„Kinder-Frajnd"

DWUTYGODNIK Wydanie B

Adres redakcji i administracji: Warszawa I, Miła 33 m. 24.

די נאָענטסטע אויסגאַבעס פֿון די ביבליאָטעקן „א" און „ב",
דער זשורנאַל און „מוזיקאַלישע ביבליאָטעק" נומער 1
דערשײַנען ד. 15. פעברואַר 1937

באַנוצט גלײַך דעם אַבאָנאַמענט אויפֿן צווייטן האַלביאָר
פעברואַר—מאַי 1937.

„קינדער-פֿרײַנד", װאַרשע

# 30 ביכלעך פֿון ביבליאָטעק „ב"

פֿאַר ייִנגערע קינדער

אויף קרייד-פּאַפּיר, מיט אילוסטראַציעס

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| מ. מאַן — נאָענט פֿון װײַטנס | 1 | ביכל | 30 | גראָשן |
| ס. מאַרשאַק — די פּאָסט | 1 | „ | 30 | „ |
| ל. מיטשעל — װער לויפֿט גיכער? | 1 | „ | 30 | „ |
| א. ביעלויעראָװ—מײַסעלעך (אַ װאָלף אויפֿן װאַנט א"א) | 1 | „ | 30 | „ |
| מ. נאָסיש — טײַבעלעך | 1 | „ | 30 | „ |
| ר. קיפּלינג — דער קליינער העלפֿאַנט | 1 | „ | 30 | „ |
| מ. פּינטשעװסקי — פֿייגעלע און ראַקעלע | 1 | „ | 30 | „ |
| לעאָן עלבע — די נאַרישע קאַץ | 1 | „ | 30 | „ |
| ר. גאַלין — אַ מאָנטשיק מיידעלע | 1 | „ | 30 | „ |
| ס. ראָזאַנאָװ — גרעזעלעס פּאַסירונגען | 5 | ביכלעך | 1.50 | „ |
| א פּעראָװסקאַיאַ — הירשעלע | 2 | „ | 60 | „ |
| ר. קיפּלינג — װעגן נאָזהאָרן און קעמל | 1 | ביכל | 30 | „ |
| נ. אָגניװצעװ — אַ גלעזל טיי | 1 | „ | 30 | „ |
| ע. ראַספּע — מינכהאַוזענס פּאַסירונגען | 2 | ביכלעך | 60 | „ |
| ק. טשוקאָװסקי — דער טומל אין קיך | 1 | ביכל | 30 | „ |
| ליסמאַן — מייסעלעך | 1 | „ | 30 | „ |
| ל. קװיטקאַ — דאָס פֿערדל פֿון ביינאַכט | 1 | „ | 30 | „ |
| ק. טשוקאָװסקי — לימפּאָפּאָ | 1 | „ | 30 | „ |
| נ. האָסאַרן — די גאָלדענע באַרירונג | 1 | „ | 30 | „ |
| ס. מאַרשאַק — מיסטער טװיסטער | 1 | „ | 30 | „ |
| שאָלעם אַליכעם — געצל א. אַנדערע דערצ. | 2 | ביכלעך | 30 | „ |
| ק. טשוקאָװסקי — דער װאַשצוכט | 1 | ביכל | 40 | „ |
| ע. ראַספּע—מינכהאַוזענס פּאַסירונגען (2-טע טייל) | 1 | ביכל | 30 | „ |

שולן, בוכהענדלער, ביבליאָטעקן — ראַבאַט

„Kinder-Frajnd", Warszawa I, Miła 33 m. 24 Kartoteka 662.